דוד איינהארן.

# שְׁטִילֶע גֶעוַאנְגֶען

(געדיכטע).



ווילנא — תרס"ט.



# Тихіе Напѣвы

## Д. Эйнгорна.

Вильна—1909.

Типографія Ціонсона. Вильна, Портовая 7.

דער בלאַסער בת מלכה, נאָך וועלכער איך בענק
אין וועל זי נישט קיינמאָל געפינען.
פאַר דער, וואָס איך פלעג אין די זילבערנע נעכט
די האַרציגסטע מעשה'לעך שפינען.

נאָך דער, וואָס איך גאַר אין די ליכטיגע טעג
און זוך אין די ראָזע פארנאכטען.
דער יונגער פרינצעסען, ו אָס וואָהנט ערגעץ וואו
ערגעץ וואו אין אַ שלאָס אַ פערמאַכטען.

# אין אַ לבנה־נאַכט.

עמיין האָט זיך פערבענקט...
צו דעם בלוי-ווייסען רוים,
צו דעם נעץ פון די צערטליכע ליכטיגע שטראַהלען
האָט פלוצלינג אַ שטילע מעלאדיע דערגרייכט,--
ווי א טרוים...
און דערנאָך אין דער וויטקייט פערפאַלען...
עמיין האָט זיך פערבענקט...
דאָרטען ווייט, דאָרטען ווייט, וואו עס דרעמעלט דער וואַלד
אין אַ נעבעל פון מאַטאָווען זילבער,—
שטיל, אין אַ שאָטען פערהילט
פון אַנ'אוראַלטען בוים,
אויפ'ן פייכט-ווייכען גראָז, מיט אַ האַרפע אין האַנד
מוז זיצען אַנ'עלענד־ער זינגער
און אַ ניגון פערטראכט וועבען שטיל, וועבען שטיל,
אויף די סטרונעס מיט צערטליכע פינגער.
עמיין האָט זיך פערבענקט...



רוהיג, רוהיג שאָקעלט איהר געלאָקטעס גרינעס קעפּל
מיין ווייסינקע בעריאָזקעלע און דאַוועגט אהן א שיעור.
יעדעס, יעדעס בלעטעלע איהרס שעפּטשעט שטיל
א תפילה...
זיי שוין, קליין בעריאזקעלע, מתפלל אויך פאַר מיר!...

איך בין דאָ אַנ'עלענדער געקומען פון דער וויטען.
פרעמד איז מיר דער גאָט פון דאנ', און פרעמד איז מיר
זיין שפּראַך.
נישט ער וועט מיין טרויער זעהן און נישט פערשטעהן
מיין תפילה,
כאטש איך וועל מתפלל זיין, מתפלל זיין אסך.

פון דעם וויטען מערב האָט זיך טרויעריג פער'גנב'עט
אין די דינע צווייגעלעך אַ ראָזער צאַרטער שטראַהל
און אַ לייַכטען קוש געטאן די בלעטעלעך, די קליינע,
וועלכע האָבען דרעמלענדיג געהאָרכט די נאַכטיגאל.

פון די ברייטע פעלדער איז אַ ווינטעלע געקומען
און דערצעהלט די בלעטעלעך לעגענדען אָהן אַ שיעור...
עפּיס האָט אין האַרצען טיעף ביי מיר גענומען בענקען.
זיי שוין, קליין בעריאזקעלע, מתפלל אויך פאַר מיר!...

# ליטא.

עס האָט מיך געפּאַנגען דער אומעט, וואָס שוועבּט אויף
די דונקעלע פעלדער

און רוהט אויף די אײַנזאַמע בּוימלעך, וואָס שטעהען
צעוואָרפען אויף זיי;

דער בּלאָהער פערטרוערטער הימעל, וואָס קוקט אַ פער-
ווײנטער ארונטער

דורך ווייסליכע זיידענע נעבּלען, ערפילט מיט א צערטליכען
וועה;

די ראָזע און שטילע פאַרנאַכטען, וואָס שטאַרבּען ווי
עלענדע קינדער;

די נעכט, וועלכע בּאָדען זיך שטיל אין אַ בּלאַסען, א קרענק-
ליכען שיין;

די מאָרגענס, וואָס וועקען זיך אויף, ווי אַ שמייכעל אויף
גוסס'ע ליפּען;

די טעג, וואס ערשיינען פערהילט, ווי זיי וואָלטען זיך
שעמען צו זיין;

די שמאָלינקע טייבלעך, וואָס בּלאָנדזשען פון אונטער בּרוגז'ע
ווערבּעס;

די לאָנקעס, אויף וועלכע עס שפּראָצען זיך אָרימע בּלו-
מעלעך שטיל;

די קליינע בעריאָזעווע ווערדלעך אויף ברייטע אומענדליכע
שטרעקעס.
ווי אייגציגע ליכטיגע טרוימען אין תהום פון א שוואַרצען
געפיהל.

עס האָט מיך פער׳כשופ׳ט דאָס לאַנד, וואו די זון קוקט
אַרויס דורך אַ נעבעל;
דאָס לאַנד, וואו עס קומען קיין שטורמס, נור ווינטעלעך
קייקלען זיך מיעד;
דאָס לאַנד, וועלכעס בענקט אין אַ טרויער און האָפט אין
איהר שטענדיגען צווייפעל;
דאָס לאַנד, וואו עס האָט זיך געוועבט מיין פערבענקטעס
פערחלומ׳טעס ליעד.



# פאַר נאַכט.

פון די ברייטע גאָלדגע פעלדער וועהט אַ ווינטעלע אַ זאַנפטער,
און דער קלאָרער טייכעל מורמעלט, ווי פון שלאָף א קינד.
טיעף פערזונקען אין געדאַנקען, שטעהען דרעמלענדיג די בוימער
און די דונקלע לאָנקע הילט אַ ראָזער נעבעל איין.

ווייט אין מזרח, וואו עס קען שוין נישט דער לעצטער
שטראַהל דערגרייכען,
צינדען, צינדען קליינע בלאַסע שטערענדלעך זיך אָן.
וועמעס וועג בעלייכטען וועלען זיי, די ליכטיגע, די ווייטע?...
וועמען וועלען זיי פערפיהרען דאָרט מיט זייער ליכט?...

בלאַסער, בלאַסער ווערט דער רויטער פלעק אין בענקענדיגען
מערב,
און אַ שאָטען אַ געהיימער הילט די פעלדער איין.
ווייט אין מזרח הויבט אָן בלייכען, עמיץ הויבט דאָרט אָן
צו האָפען...
וואַרט, עס וועט זיך באַלד צעגיסען דער לבנה'ס שיין...

# אין א לבנה-נאכט.

פערהלט האט דעם וועלדיל א זילבערנער נעבעל„
בעהאלטענדיג דארטען א שטיק פון דער נאכט,
און איבער די פעלדער, די בלייכליכע שטרעקעס,
געשוועבט האבען מעהר נישט ווי שאטענס פערטראכט.

אין לופט האט געציטערט א צערטליכע ווייסקייט
פון בענקונג און טרויער און שטילען פערדרוס,
אזוי ווי די בלאסקייט אויף מיידעלשע באקען,
וואס זוכען א וויכען, א וועקענדען קוס.

פערוויגענדיג שטיל זיינע זילבערנע וועלען,
האט ערגיץ א טייכיל געשוואומען פערבענקט
און, שווימענדיג, נעצען נעפלאכטען פון שטראהלען,
וואס האט איהם די קאלטע לבנה געשענקט.

פון וויטען געצאנקט האבען פייערלעך קליינע.
דאס האט ערגיץ שטיל וואו א דערפיל גערוהט.
אין לופטען געוועהט האבען ווארימע ווינטלעך
און ליעבליך געסודעט: ווי אלץ איז דא גוט...





דאָס איז שוין לאַנג, מיין קינד, געווען, שוין לאַנג...
ווען ס'האָט אין בלויער לופט דער ערשטער קלאנג
פון שטילען טרויער איינזאם זיך צעשפּרייט,
און ערגיץ אויף אַ פרייטען קבר דאַן
האָט קליינע ווייסע בלימעלעך פון פעלד
אַ קליינע צאַרטע פרויען-האַנד פערזייהט.

שוין לאַנג, מיין קינד, געוועזען איז דאָס, לאַנג...
ווען ס'איז דאָס ערשטע האַרץ געוואָרען באַנג,
און אין אַ ווייסער זומער-נאַכט אַליין
האט שטיל צווישען שלאַנקע פיכטען ווער
פערלוירען אין דעם טוי פון גראָז אַ טרער
און אין די שאָטענס אַ פערשטיקט געוויין.

געוועזען איז דאָס לאַנג, מיין קינד, שוין לאַנג...
אַראָב צו אונז איז אַ פערבענקטער גייסט,
וואָס שוועבט אַרום און סוד'עט תמיד איין
אונז שטיל א סוד פון אַ פערגאַנגען גליק,
וואָס ציהט אונז, ווי דער בלויער, וויטער שיין
פון שטערען, און לאָזט קיינמאָל נישט צו רוה
און וועקט דאָס האַרץ, און דריקט פון אויג אַ טרער
און רופט, רופט, נישט וויסענדיג אַוואו.

# אין דער פרעמד.

אַלץ איז מיר פרעמד, אַלץ איז מיר ווייט,
נישטאַ קיין אָרט, וואו בלייבען דאַ.
עס שיינט די זון, דער הימעל בלאָה,
נור מיר געהט יעדער שטראַהל פאַרביי...
אַלץ איז מיר פרעמד, אַלץ איז מיר ווייט.

די זון פערגעהט.
און פלאַקערט שטיל אין מערב-זייט.
איך שטעה און זעה, ווי פון זי גליהט
און געהט אַוועק...
און פול מיט בענקשאַפט און מיט שרעק,
צעשפרייט איך מיינע הענד צו איהר
און בעט זיך שטיל: אַך, נעהם מיך מיט!
דאָ איז מיר פרעמד און אַלעס ווייט.

פערגאַנגען איז די זון...
און טיעף אין הימעל געהט אַ פאַרבען-שפּיעל.
עס בלאָזט דער ווינד און פליהט אַוועק,
און כ׳בעט איהם שטיל:
אָ נעהם מיך מיט, אָ נעהם מיך מיט!

גערקומען איז די נאַכט.
עס ריהרט זיך נישט
קיין איינציגס בלעטעל פֿון קיין בוים.
דאָס טייכיל מורמעלט נור געהיים
און שווימט אַוועק...
און כ׳בעט איהם שטיל: אָ נעהם מיך מיט!
דאָ איז מיר פֿרעמד און אַלעס ווייט.





עס וועט אונז פערוויגען דער רויש פון די שלאַנקע,
פערדרעמעלטע סאָסנעס.
אַ ווייסע בעריאָזקע דערצעהלען וועט אונז די לעגענדע פון
וואַלד.
און שטיל אויפ'ן גראָז, דעם בעטויטען מיט קלאָרע
קריסטאַלענע פעריל,
צווישען די שטאַמען וועט שוועבען איהר שלאַנקע פערהילטע
געשטאַלט.

און ווייט, דאָרטען ווייט פון דער טיעפקייט, וואו
ס'שטעהען געפלאָכטען די בוימער,
וועט ציטעריג קומען צו שווימען אנ'עכא אַ שטילער אַליין,
אַזוי ווי אַ ליעד פון אַ מיידעל אַ בלאַסע, וואָס בענקט
נאָך איהר ליעבען,
אַזוי ווי אַ קינדישער ווייטער פערבלאָנדזשעטער איינזאַם געוויין.

אוןביידע צוזאַמען דאָרט וועלען מיר זיצען אין
שאָטענס און טרוימען
פון איינזאַמע הייזלעך, וואָס שטעהען פערבאָרגען אין טיעפ-
קייט פון וואַלד,

פון פייערלעך קליינע, וואָס שוועבען ביי נאַכט אויפ׳ן
מאָך, אויפ׳ן גראָהען;
פון שטערען, וואָס ווערען פערבלאָנדזשעט אַהין פון
דעם הימעל דעם בלאָהען.
די ווייסע בעריאָזקע דערצעהלען וועט אונז זייער
שטילע לעגענדע,
און שטיל אויפ׳ן גראָז, דעם בעטויטען, וועט שוועבען איהר
שלאַנקע געשטאַלט...



# ביי נאַכט.

עֶס רוקט זיך אַלץ נעֶהנטעֶר און נעֶהנטער די נאַכט,
ווי אַ שוואַרצעֶר, אַ ריזיגעֶר אָדלעֶר.
אָ ליעבסטעֶ, מיך שרעֶקט זי, עֶס שרעֶקט מיך אִיהר בליק,
זי קוקט, ווי אַ בלינדעֶר מיט אָפעֶנעֶ אויגעֶן,
און ס'דוכט זיך, די אויגען, זיי זעהען ווי מיר.
און אפשר נאָך טיעפעֶר און בעֶסער...
עס שרעקט מיך דאס וועלדיל, וואס שיינט, ווי אַ פלעק
אויפ'ן דונקעלעֶן בלויליכען הימעל...
וואס טוט זיך יעצט דארטען?
און וואס פאַר אַ סוד
וועבט זיך צווישען די בוימער,
וואס שטעהען, אִין דעקעס אִין שוואַרצע געהילט,
און שווייגען און קוקען פערשטיינעֶרט אַראב
צו די שוואַרצעֶ פערגליווערטע קוסטעט?...
עס ווייזט זיך אַ שטערן, אַ צווייטער נאָך אִיהם...
און ווינקען...
צו וועמען, מיין ליעבסטע?
עס שרעקט מיך, אה, טאמער פאלט איינער פון זיי
צו דער ערד און ווערט פלוצלינג פערלאָשען,—
דאן אויבען אִין הימעל וועט פעהלען אַ שטערן,
און אונטען וועט ווערען נאָך מעהרער מיט איינעם
אַ קאַלטען, פערלאָשענעם קערפער...

עס שרעקט, מיין ליעבסטע, די פינסטערע נאַכט,
די געטין פון ריזיגע שאָטענס...

# מיין שוועסטער.

(פון אַ פּאָעמא).

## I.

עס האָט זיך מיין שוועסטער פערבּענקט נאָך די הימלען.
אוּן ווער
האָט איהר דאָרט פערפ'שופ'ט?—דאָס וויים נוּר
איהר קינדיש'ן טרער,
וואָס ציטערט בּיי איהר אויפ'ן ברעם, ווי אַ קליינער
בּריליאַנט,
אוּן קייקעלט זיך נאָכ'עם אַראָבּ אויף איהר
צערטליכע האַנד;
דאָס וויים נוּר אַ פּוּרפּוּרנער שטראַהל פוּן
אַ שטילען פאַרנאַכט,
וואָס האָט פוּן דער גוסס'ער זוּן אַ פערגעהענדען קוּש
איהר געבּראַכט;
דאָס וויים נוּר דער פינקלענדער סוֹד, וועלכער פאַלט
אין די אָבענדס אַראָבּ;
דאָס וויים נוּר דער גאָלדענער שטראַהל,
וועלכער שפּיעלט זיך בּיי טאָג אויף איהר קאָפּ.

## II.

יעדען פריהמארגען, ווען ראָז נעהמען ווערען
די שייבלעך ביי מיר אין מיין קליינינקען פענסטער,
און ס'הויבט אָן צו שיינען אין צימער א נייער
געבוירענער טאָג, פון דער זון אַ געבענשטער,
דאן שטעהט אויף מיין שוועסטער און הויבט מיך אָן וועקען:
„קום עפען די טירען און לאָז מיך צום הימעל!
איך וועל דאָרט צווישען די ראָזיגע נעבלען
צעשפרייטען דעם שאָטען פון נאַכטיגען דרימעל.
איך וועל דאָרט פ׳רטרייבען די פינסטערע טרוימען,
וואָס רינגלען מיך אום ווי א סטאַיען פון קראהען.
איך וועל זיי פערטרייבען, איך וועל זיי דערטרייינקען
אין ליכטיגען אָבגרונד פון הימעל פון בלאהען".
און שטיל אַזוי בעט זי זיך, בעט זיך מיט טרערען,
ביז ס'טוט אָן די זון איהרע גאלדענע קליידער,
און ס'ווערט מיט א פאליע פון גאלדענע שטראהלען
פערטרונקען מיין ענגער, מיין איינזאמער חדר.
דאַן שפרייט זי שטיל אויס איהרע שניי ווייסע אָרימס
און הויבט זיך אָן טריגקען אין שטראם פון די שטראהלען
ביז וואן עס בעהאלט זיך די זון אין די בוימער,
און ס'נעמען איהר דונקעלע שאטענס בעפאלען.



שלאף אַיינעט, מיין ליעבסטע, און וואַרט...
באלד וועלען זיי קומען, די ליכטיגע אבענדס,
פערהילטע אין זיידענע טוליען,
צו שוועבען א ריבער די פעלדער,
אַזוי ווי פערכשופטע יונגע פרינצעסינס,
וואָס האבען פערלאזט אין בייאכטיגע קליידער
די אַלטע צעוואָרפענע שלעסער. —
אַ וואַרימעס ווינטעלע וועט זיי בעלייטען,
אַ חלום אַ רוהיגער וועט זיך צעשפרייטען
און אַיינוויגען אַלץ אויף דער וועלט.
נייג אָן שטיל די קאָפּ אויף מיין אַקסעל און דרעמיל,
און זאָל דיך דאָס וואַרימע ווינטעלע קושען,
ווי ס׳ קושט אַפערשלאָפענע בלום.
שלאָף אַיין, שלאָף אַיין, פערזינק אין חלומות...
פלעכט אַיין דיין נשמה אין זייערע נעצען
און וואַרט!
באַלד וועלען זיי קומען... די ליכטיגע אָבענדס
און שוועבען פערחלומ׳ט אַרום.

# מיין צוקונפט.

לער איז מיין צוקונפט, אזוי ווי א מדבר
מיט אָפענע קברים אַרום און אַרום,
אין איינזאַם דאָרט בלאָנדזשע איך: מעהר נישט אַ מטה
מיט עטליכע גרעבערס בעלייטען מיך שטום.

און וואו נור איך קעהר זיך, דאָרט געהען די גרעבער.
מיט רוהיגע, לאַנגזאמע, הילכיגע טריט,
און ווי נור עס ווערט מיר אין הארץ וואָס געבוירען,
דאַן בלייבען זיי שטעהן נעב׳ א קבר דערמיט.

בעווייזט זיך ווען ,רגין צווישען די וואָלקענס
אין הימעל אַ שטערען און ווינקט מיר געשווינד,
באַלד שטעלען די גרעבערס זיך אב נעב׳ אַ קבר
און לאָזען אַראָב אין איהם לאַנגזאם אַקינד.

דערהער איך פון וייטען אַ מאָל אַ געלעכטער,
אַ צערטליכען קלאנג פון אַ מיידעלשע שטים,
באַלד שטעלען די גרעבערס זיך אָב נעב׳ א קבר
און לאָזען אַ קינד אַראב לאַנגזאם אין איהם.

לער איז מיין צוקונפט, אַ מדבר מיט קברים,
און איך געה וואָס ווייטער אַלץ טיעפער אין איהר
מיט אייביגע שטומע און קאַלטע בעגלייטערס,
וואָס טראגען אַ מטה אַ שווארצע נאך מיר...



עס ווערען געבוירען חלומות און שטאַרבען,
ווי בלומען אין מיטען דעם בליהען,
וואָס ווערען געריסען אין פריהלינג׳ס יום-טובים
אויף קראַנצען
פאַר העלדען, פאַר שענע וואַקכאַקעס,
צו צירען—אין זייערע פרעהליכע טאַנצען.

עס ווערען געבוירען חלומות און שטארבען,
ווי זאַנגען אויף גאָלדענע צייטיגע פעלדער,
וואָס פאַלען אין גלאנץ פון דער שטאלענער קאָסע,
און נאכדעם געבונדען אין גאלדענע גאַרבען,
צעפיהרט מען זיי פרעהליך מיט ליעדער אין שייער.
פארהאנגען אויך טרוימען, וואס ווערען פערגליווערט
אין שטיינערנע בילדער, אין פארבען אויף לייווענד,
אין ביכער פערשטויבטע, אין שענע געביידען...
זיי בלייבען, ווי שטילע און שטומע מצבות
אויף קברים פון אלטע פערגעסענע טרוימער,
וואו ס׳בליהען שוין אנדערע פארביגע בלומען
און ס׳פאלען די שאָטענס פון אנדערע בוימער.

נור וועה איז צו די, וועלכע ווערען געבוירען,
ווי שפעטיגע בלומען אין קויטיגען אָסיען,
וואס שטעהען געבויגען אין קעלט און אין טרויער

און ווערען מיט בלאטיגע טראפּענס פּערגאָסען.
אַ פּוס אַ פּערשמוצטע וועט גלייכגילטיג קומען
און וועט זיי צעטרעטען, די ליכטיגע טרוימען,
דערשטיקען זיי רוהיג און שטיל, ווי עס ווערען
דערשטיקט די נשמות פון יונגינקע פרויען
אין די אָרעמס פון מאַנען – געקויפטע און אַלטע,
ווי זייערע ריינע פאנטאַזיעס פון יוגענד
אין קושען פון שמוציגע וועלקענדע ליפּען;
אַזוי ווי אַ שענע פּערמשפּט'ע געטין,
וואָס מוז צו די נאָך בליהענדע ברוסטען
טוליען מיט עקעל אַ קוטיגען שאַרבען—

עס ווערען געבוירען חלומות און שטארבען...





דיא אױגען, װאָס קוקען אױף מיר אַזױ ליעבליך,
געפּאַסט װי ברילִיאַנטען אין שװאַרץ,
האָב איך דיר געשענקט פון די אוצרות, װאָס ליגען
בעהאַלטען בײ מיר אין מײן האַרץ.
דאָרט האָט זײ מײן יונגע פאַנטאַזיע געפונען,
בעגראָבען אין אש און אין שטױב.
די אױגען, װאָס קוקען אױף מיר אַזױ ליעבליעך,
דאָס איז פון מײן האַרצען דער רױב.
די באַקען, װאָס בליהען, װי צװײ יונגע רױזען,
נאָך װעלכע איך בענק און איך װאַרט,—
פון האַרצען גערױבט האָט זײ אױך מײן פאַנטאַזיע,
װען איך האָב נאָך קושען געגאַרט.
דאָרט האָט זײ מײן יוגענד פערזײהט אין זײן גערטעל,
געשפּײזט זײ מיט טױ און געהיט.
די בליהענדע רױזען—זײ האָבען אין האַרצען
בײ מיר, אין מײן האַרצען געבליהט.
און יעטװידער קלאנג פון דײן צערטליכער שטימע,
די שװאַרצע, די זײדענע האָר
האָט אױסגעװעבט טיעף אין מײן האַרצען דער בענקען,
אַזױ װי אַ טרױם אױפ'ן װאָהר.
דער חן, װעלכער רוהט אױף דײן קינדישען פּנים,
דער צױבער, װאָס שװעבט אָרום דיר —
זײ אַלע, אָה זענען גערױבט פון מײן האַרצען,
זײ אַלע געהערען צו מיר.



און גרוים איז דער מדבר, אין וועלכען איך וואַנדער...
דאָס ווינטעל פערוועהט מיינע טריט.
אַך, ווינטעל, דו ווינטעל, פערוועה נישט די צייכען,
די צייכען, וואָס ווייזען, אַז איך האָב געלעבט...

און ברייט איז דער מדבר, נאָר ענג איז אין האַרצען,
און אָפטמאָל פון ענגשאַפט שטיל קאַפּעט אַ טרער...
אַה זעמדלעך, איהר זעמדלעך, נישט שלינגט איין די טרערען –
די צייכען, וואָס ווייזען, אַז איך האָב געבענקט,

הויך אויבען צעשפּרייט זיך אַ פינסטערער הימעל...
איך פיהל, ווי עס רוקט זיך אַלס נעהנטער דער טויט.
פערשיט מיך, דו ווינטעל, אַה שלינגט מיך איין, זעמדעלך
זאָל קיינער נישט וויסען דעם סוף פון מיין וועג...



# פערבלאָנזעטע.

— מיין האַרץ, מיין האַרץ געהט אויס אַליין אין מיטען וועלט.

— אָה קום: עס וואַרט אויף דיר מיין איינזאַמער געצעלט.

— ווער רופט מיר דאָרטען, ווער?.. אַ דאָרן ריהרט זיך וואו...

— אָה קום: עס היט מיין שויס פאַר דיר אַ שטילע רוה.

— דאָס נאַרט געוויס מיר, אָב פון הערבסט דער קאַלטער ווינד...

— אָה, קום: די לעצטע בלומען שענק איך דיר, מיין קינד!

— די זון פערגעהט, מיין האַרץ געהט אויס מיט איהר צוזאַמען...

— פאַר נאַכט. איך בלייב אַליין אַ יתום אָהן אַ מאַמען,



# ביי נאַכט.

שאָטענס צעלעגען זיך שטיל פון די דעמבעס;
ס׳ פינקלען די שטערען אין טוי פון די גראָזען;
דרעמלענדיג בלאָנזשעט צווישען די שלאָפיגע
בלומען א נאכטיגער ווינטעל פערלאָזען,

ערגיץ וואו האַפּט זיך אויף פלוצלינג אַ בלעטיל:
צערטליכע זילבערנע טרעלען צעשווימען
באַלד וועט זיך, דוכט מיר, אין לופטען צעטראָגען
עטליכע איינזאַמע בעטענדע שטימען.

דורכשלייכען וועל איך מיך שטיל דורכ׳ן גאָרטען,
גנב׳ענדיג אָפּרייסען עטליכע בלומען,
נאָכדעם פערשווינדען, אַז קיינער זאָל מערקען,
גלייך ווי מען האָט נישט געמערקט דא מיין קומען.



# דער ערשטער שניי.

## I.

ווייסינקע שנייעלאך וויגען זיך, וויגען זיך,
טאַנצענדיג שטיפעריש לוסטיג און פריי.
עפעס איז יום-טוב׳דיג ניי.
אויף די מויערן
האָט זיך אַ שמייכעל צעלעגט
און פערצויגען די גראהע, פערשטיינערטע טרויער׳ן
מיט אַ בעוועגליכען ווייסע וואוואַל.

טיעף אין די גאסען בעוועגען זיך
כוואַלעס פון מענשען
אין זילבערנעם גלאַנץ.
די יוגענד שפאצירט.

און ס׳קושען און פאַהלען די קיהלינקע שנייעלעך
אויף וואַרמע ראָזיגע מיידעלשע פנימלעך;
פערשעמטע, מיט שטיפעריש קינדישע שמייכעלעך,
פאַלען און קושען זיי שטיל אין די ליפעלעך.
פלעכטען אויף זייערע זיידענע לאָקען

פון בלומען אַ זילבערנעם קראַנץ.
פאַלען און קושען,
פאַלען און קושען,
און ווערען צעגאַנגען אין קוש.

עס וויגען זיך, וויגען זיך ווייסינקע שנייעלעך,
טאַנצען און פאַלען און פאַלען...

## II.

עס שטעהען די הייזער פערשנייטע און בעזע,
פערהילטע אין קאַלטע, אין פינסטערע שאָטענס,
זיך טוליענדיג איינער צום צווייטען
פון שרעק
פאַר די פינסטערע גאַסען,
וואָס ציהען זיך ווייט, ווי פערלאָזענע היילען
אָהן ברעג.
וואו נישט וואו מיט אַ פענסטער אַ רויטען בעלויכטען,
וואָס צאַנקט
דורך אַ כמאַרע פון שמעטערלינגס ווייסע,

וואָס וויגען דערשראָקענע אום זיך אין לופטען,
אין דונקעלען בלוויליכען אָבגרונד פון שאָטענס
און פאַלען אַראָב מיט אַ שאָרך אַ געהיימען
און ווערען פערשוואונדען געהיים.
ס׳ בעט אויסעט די ענגע, די שמוציגע גאַסען,
בעהאַלטען אין בלויען, אין דונקעלען אָבגרונד,
מיט ווייסע, מיט קלאָרע מיט גלאַנציגע דעקעס
די פינסטערע נאַכט.

— — — — — — — — — —

וואו ניט וואו בלאָנדזשען אום, ווי פערגעסענע,
לאַנגזאַם
פערטוליעטע איינזאַמע דורכגעהער שטיל,
בלאָנדזשען אום, בלאָנדזשען אום,
פאר די צאַנקענדע פענסטער,
פערשווינדען און ווייזען געהיימע צוריק זיך.
ערגעץ וואו גיט אַ סקריפּע אַטיר,
און אַ פרעכער געלעכטער קלינגט דורך אין דער לופטען.
עס ווייזט זיך אַ פרויען געשטאַלט, אַפּערשייטע
מיט עמיץ געאַרימט.
נאָך איהר קומט אַצווייטע,

אַ דריטע,
אַ פערטע,
און טרעטען און טרעטען.
עס ס'קריפּעט דער שניי מיט אַ קרעכץ אַפּערשטיקטען,
און טריט שוואַרצע, ריכטיג ווי וואונדען,
קוקען אַרויס פון דער ווייטקייט
מיט פינסטערע בליקען,
ווי לעכער פון מענשליכע שאַרבענס,
און שרעקען...

— — — — — — — — — — — —

אין גאַסען פערשמוצטע, אין גאַסען פערשמוצטע
וועט קומען שפּאַצירען דער טאָג...



# פריהלינג.

איך ווייס נישט, אי וואוהין עס ציהט מיך מיין נשמה,
וואוהין עס רופען מיך די בלאַסע פריהלינגס נעכט,
בשעת איך טרעט ביי זיי אויף די פערטראַכטע לאָנקעס,
און זוך ביים וויטען ברעג
פון האָריזאָנט מיין וועג.
איך ווייס נישט, נור מיר דוכט: מיר האָט זיך ווען געחלומ'ט
אַ ווילדער גאָרטען. טיעף אין איהם אַנ'אַלטער שלאָס.
אַ בלאַסע פריהלינגס נאַכט גערוהט האָט אויף די בוימער
און מילד צעוויקעלט שטיל די בלעטלאַך, וואָס אויף זיי,
און דורך דעם העכסטען דעמב האָט שטאָל'ץ געקוקט אַטורים
אין וויטען בלויען רום מיט פענסטער רויטע צוויי.
און פלוצלינג האָט פון זיי זיך איינער דאָרט פערלאָשען,
און אויפגעמאַכט האָט איהם אַצאַרטע פרויען-האַנד.
און איך האָב צוויי דערזעהן פערטרומטע בלויע אויגען,
אלענגליך-ווייס נעזיכט פון מירמעלשטיין געטאָקט,
און ווי אַכשוף האָט זיך וויך פון דאָרט געצויגען
אַשטילע מעליאָדיע און עפּעס מיר געזאָגט.

איך ווייס נישט, נור עס ציהט, עס ציהט מיך מיין נשמה,
פערכשופט בין איך אין די בלאַסע פריהלינגס נעכט...

# זומערדיגע אָווענדס...

זומערדיגע אָווענדס! הימליכע געצעלטען,
בלויע, און מיט טוליען דונקעלע געבעט.
וואו איז אייער מלכה? אין דער לופטען פיהל איך
וועהט איהר ווארים אָטעם, גליצט זיך צארט און גלעט.
וואו איז אייער מלכה? איהרע קליידער, זעה איך,
אויף די גרינע לאָנקעס ליעגען זיי צושפּרייט!
אָרימ׳ס צארטע, דוכט זיך, נעמען מיך ארום עט
און אַ פרויען-שטימע סודעט מיר אַ סוד...
וואו איז אייער מלכה?...
ערגעץ מוז זי דרעמלען, אויף אַ בעט פון סאמעט,
מיט צושפּרייטע אָרימס אין אַ בלוי געצעלט
ביי דעם שיין פון אַ ברילִיאַנט׳נעם קליינעם לעמפּעל.
וואָס בעלייכט איהר מארמאָר אויסגעטאָקט געשטאַלט.—
לייכט, און וועבט איין שטראַהלען אין די שווארצע לאָקען
וואָס צעשלענגלען זיך ווי שלאַנגען אויף איהר ברוסט
שפּיעלט זיך מיט די עָאָטענס אויף איהר קינדיש פּנים,
וועלכעס שלאָפט בעצויגען מיט אַ טרוים פון לוסט.
אין דער בלויער שטילקייט חלום׳ט זי פון וועמען.
צערטליך וועמען קושט זי, שמייכעלט מיט פערדרוס..
און אַ ציטער לויפט דורך איהרע שווארצע ברעמען
און די פורפור-ליפּלען זוכען שטיל אַ קוש.
זומערדיגע אָווענדס, הימלכיע געצעלטען,
וואו אַ ווארים ווינטעל טראָגט זיך אום געהיים.
וואו איז אייער מלכה, איהר געצעלט דער בלויער —
אפשר בין איך דער, וואָס וועבט זיך אין איהר טרוים?..

## הערבסט-שטימונג.

ווי שטיל עס צעלעגען טרויריגע שאָטען,
אַ ווינטעלע ציטערט צווישען די צווייגען.
פערמאַך דיינע אויגען, מיין ליעבסטע, און לאָ'מיר
אַ מעשה'לע שפּינען אין הערבסטיגען שווייגען.

דו זיי די פּרינצעסין, און איך דער בן-מלך.
אַ צערטליכער טרוים וועט אונז ביידע פערוועבען
אין ערגעץ אַ פּאַלאַץ, וואָס טונקט זיך אין וועלדער,
פער'חלום'טע וועלען מיר איינזאַם דאָרט לעבען.

דו הערסט, ווי עס רוישען די בוימער אין דרויסען,
אַ וואָלקען פערציהט זיך אַריבער די שטערען,
אַ בעזער מכשף וועט פּלוצלינג ערשיינען
און וועט אונזער מראַמאָרנעם פּאַלאַץ צעשטערען

דער יונגער בן מלך וועט ערגעץ פערבלאָנזשען
און האַלזען פון אומעט אַ פּעלזען אַ האַרטען;
אין צעלט פון אַ פּאַסטוך וועט זיין די בת-מלכה
און, עלענד פערלאָזען, איהר ליבסטען ערווארטען.

נור בלײַבען אין מדבר וועט ער, — אויף זײַן קבר
וועט שטעהן נור אַ אײַנזאַמער דאָרן געבויגען.
און שטיל אין אַ פינסטערע נאַכט דער בת-מלכּה
וועט צומאַכען רוהיג אַ פאַסטוך די אויגען.

נישט שרעק זיך, מײַן ליעבסטע, פערגעס אָן דעם ענדע,
פערזינק אין די שאָטען דײַן טיעפען בעדויער.
עס גיט אַזוי זעלטען אַ שענע לעגענדע,
וואָס ס'זאָל נישט פערהילט זײַן אין אײביגען טרויער.



## נאַכט־שטימונג.

עס ווייַנען די טיעף-בלויע הימלען מיט לויטערע גאָלדענע
טרערען.
די טרערען — זיי פאַלען אין אומעט פון דונקעלע פעלדער
אַראָב.
און איבער די דונקעלע שטרעקען עס וועבט אייַנזאַם אַ טרויריגע
שכינה
און קלייבט זיי און קלייבט זיי, די גאָלדענע טרערען, צו
איהר אין איהר שויס.

רעריבער פערנעהמסטו אַרויש, ווי פון צאַרטע, פון זיידענע
פליגלען;
דעריבער הערסטו, ווי עס בלאָנזשעט פערטראַכט עמיץ ווער
אויפ'ן פעלד.
און גלייך ווי עס וועבט זיך אַ גאָלדענער שנירעלע דורך
אין דער לופטען.
באַלד גליצט זיך אַ זיידענעס ווינטעל אַריבער דעם שלאָפיגען
גראָז.

# לעגענדע.

דעֶרשראָקעֶנעֶ, שטילעֶ, פערבוליעֶט אין שאָטעֶנס,
פעֶרטיפטעֶ אין זיך אין דעֶר אייגענעֶר שוואַרצקייט,
צעֶציהעֶן זיך רייהעֶן פון פינסטערעֶ הייזעֶר
און בילדעֶן אַ גאַס נאָך אַ גאַס.
און טיעֶף אין די גאַסעֶן אויף פייכט קאַלטעֶ שטיינעֶר,
מיט באָרוויסעֶ פיס, אין צעֶריסעֶנעֶ קליידעֶר,
געֶהט אום׳עֶט אַ הויכעֶר, אַ בלאַסעֶר, אַ דאַרעֶר,
מיט אָפּעֶנעֶ בלינדעֶ פערצויגענעֶ אויגעֶן
און זוכט עֶפּעֶס שטיל מיט צעֶצויגעֶנעֶ פינגעֶר,
און זוכט אָהן אַנ׳ אויפהעֶר און זוכט...

און וויַיט ביי דעֶם ברעֶג פון די הונדעֶרטער גאַסעֶן
שטעֶהט איינזאַם אַ קליינעֶ, פעֶרלאָזעֶנעֶ חורבה.
די טיר מיט די פעֶנסטעֶר פעֶרשלאָגעֶן מיט ברעֶטעֶר,
פון וועֶלכעֶ עס קוקט דורך די שפּאַלטעֶן אַרויס
צו די גאַסעֶן אַ געֶהיימניס אַשטומעֶ:
ביי טאָג מיט אַ פינסטעֶרעֶן בליק פון אַטויטעֶן
ביי נאַכט מיט א בעזען, אַ רויטליכען אָב־יין,
אַזוי ווי דער שיין פון אַ טרפה אַ ווייטע,
וואָס ציטערט ביי׳ם ברעג האָריזאָנט.

און ווען אויפ'ן טורים, וואָס טונקט זיך אין הימעל,
שלאָגט צוועלף, און דער ע̇יין פון די שטערען ווערט העלער —
געהט צו דאַן דער הויכער, דער בלינדער צום חורבה,
מיט ליפּען געפּרעסטע פון צער,
און קלאַפּט אין די קליינע, פערשלאָגענע פענסטער,
און רופט דאָרטען עמיץ, און בעט דאָרטען ווע̇מען,
און זוכט אין זיין אייגענעם עכאָ אנ'ענטפער.
נור ס'ענטפערט איהם קיינער פון דאָרטען...
אַ שטומע, ווי פריהער, בלייבט רוהען די חורבה,
פערשלאָגען, פערוויקעלט אין נאַכטיגע שאָטענס,
בעהאַלטענדיג טיעף די געהיימנים, וואָס קוקט
דורך די פינסטערע שפּאַלטען אַרויס...

און ווי עס ווערט ליכטיג, דאַן ווערט פון דעם הויכען
אַ קליינעס, אַשוואַכעס, אַ זעהעדיגס מענשעל,
וואָס וואַנדערט אַרום מיט אַ פּעקעלע סחורה
און האַנדעלט און קויפט און פערקויפט.
נור ווי עס ווערט פינסטער און פוסט אין די גאַסען,
דאַן וואַקסט ער אויס ווידער אַ הויכער, אַ בלאַסער,
מיט אָפענע בלינדע, פערצויגענע אויגען,
און זוכט עפּעס שטיל מיט צעצויגענע פינגער,
און זוכט אָהן אַנ' אויפהער און זוכט...



עֶס אִיז אוּנזֶער לִיעֶבֶּע, מיין ליעבּסטֶע,
גֶעקוּמֶען בּיי נאַכט מיר צוּ חלום,
גֶעקליידֶעט אִין שוואַרצֶען, אַ שטאָלצֶע,
און בּלאַס איז גֶעווֶעזֶען אִיהר פּנים.

אַ קראַנץ פון פֶערוויאַנֶעטֶע בּלֶעטער
בֶּעדֶעקט האָט אִיהר קלאָר-ווייסֶען שטֶערען,
און ס'האָבֶּען בֶּעצירט אִיהרֶע בּרֶעמֶען
צוויי ריינֶע קריסטאָלֶענֶע טרֶערֶען.

מיט ליפֶּען, פון וועֶהטאָג גֶעדריקטֶע,
האָט זי אִיבֶּער מיר זיך גֶעבּויגֶען,
און אִיבּער אִיהר קאָפּ איז דֶער טרויֶער,
ווי אַ קראָהֶע אַ שוואַרצֶע גֶעפלויגֶען.



# אידיליע.

איך וויל, אַז מיין ליעבּע זאָל ווערען געשלאָסען
אין ערגיץ אַנ׳ ענגען, אַ יודישען געסעל,
וואו ס׳ שטעהען די הייזלעך געדריקט, ווי אַ סטאַדע
פון שעפסען, ווען ס׳שרעקען זיי וועלפישע צייהנער.
אַנ׳ עדות זאָל זיין די לבנה, און קיינער,
חוץ איהר, זאָל נישט קענען פערנעהמען די קושען,
וואָס וועלען זיך טראָגען וואָס העכער און העכער
צום ליכטיגען הימעל, צום בלוילען אָבגרונד,
וואוהין עס וועט קוקען מיט בליקען פערבענקטע
די, וועלכע כ׳וועל שענקען מיין ליעבּע.

און ווען איך וועל געהן מיט מיין ליעבּסטע שפּאַצירען,
זאָל אונז נייט בעלייטען דער נאַכטיגאַלס טרעלען.
נור שטיל זאָל זיך טראָגען פון ערגיץ אַ ווייטען,
א דונקעל בעלויכטענעם נידריגען פענסטער
אַ שטילער פערטרויערטער יודישער ניגון,
וואָס זאָל אין אַ חלום אַ ווייטען פערוויגען,
אַ חלום פון זיסע און צערטליכע שמאַרצען
און טיעפע, נאָך נישט קיין בעוואוסטע פערלאַנגען,

וואָס שוועבען ווי עכא׳ס פון איינזאַמע קלאַנגען,
פון וועלכע עס וועבט זיך מיין ליעבע...

און זיין זאָל מיין ליעבסטע אַ בלאַסע, פערקלערטע,
מיט אויגען פערחלום׳טע, אָפּענע, צארטע,
און בלויע, אַזוי ווי אין פריהלינג דער הימעל,
וואָס קוקט דורך אַ דורכזיכטיג שלייער פון טוליען;
מיט שוואַרצע צעוואָרפענע זיידענע לאָקען,
וואָס זאָלען בעזוימען איהר פנים דעם בלאַסען,
וואָס רעדט נישט פון טויט און פון בלומען, וואָס וועלקען,
נור עפּעס פון שטילע בעהאַלטענע קרעפטען,
וואָס רייסען בעהאַלטענער-הייד זיך צום לעבען,
אין פעריל פון ריינע קריסטאַלענע טרערען,
וואָס פאַלען און פאַלען פון ליעבע.

און זיין, וויל איך, זאָל זי אַ טאָכטער פון יענע
געבויגענע, פינסטערע אָרימע הייזלעך,
וואו ס׳לעבט און עס ליידעט די זעל פון מיין אומה,
וואו ס׳רעדען פון שמערצען נור בליקען נור שטומע.
און האָבען זאָל זי אויך אַנ׳אַלטינקע מאַמען
מיט אויגען, וואָס וויינען און קושען צוזאַמען,

מיט ביינִיגע הענד, וועלכע האַלטען אין גלעטען,
מיט טרוקענע ליפּען, וואָס שעפּצען נור ברכות.
און ליעב זאָל זי האָבען איהר אָרימע מאַמען,
די, וועלכע וועט בענשען מיין ליעבע.

און שטיל אין אַ קליינינקען קאַמער אין ערגעץ
אַ קליינעם, געבויגענעם פינסטערען הייזעל
זאָל אונז דערנאָך בענשען אַ גרייזגראָהער זיידע,
וואָס וועט אונז דעם חלום פון פאָלק איבערגעבען,
צו טראָגען איהם ווייטער מיט גלויבען אין לעבען,
און מוטיג געארעמט זאָל איך מיט מיין ליעבסטער,
אַוועקגעהן צום ליידענדען פאָלק און איהם שענקען
די איייביגע הייליגע ליעבע...



# אמר אביי.

אִין דרויסען אִיז פֿריהלינג, אִין דרויסען אִיז וואַרים...
עס ציהען זיך שטראַהלען, ווי גאָלדענע פעדים,
ווי גליקליכע רגע'ס אִין אייביגען אומעט,
און נעהמען, ווי ארעמס פֿערליעבטע אַרום'עט,
און גלעטען די באַקען, און קושען די אויגען,
און ווערען אִין ליכטיגע נעצען צעצויגען...

אִין דרויסען אִיז פֿריהלינג, עס שמייכעלט די זון
דורך די בלאָטיגע שייבלעך פֿון אַלטען בית-מדרש:
אַ פֿאַליע פֿון גאָלד האָט פֿערשעמט דעם נר-תמיד,
עֶר קוקט יעֶצט אַרויס פֿון די שטראַהלעֶן, די יונגעֶ
אִין כעס מיט זיין אייביגעֶן רויכיגעֶן פֿלעֶמעֶל,
אַזוי ווי אַן'אַלטעֶר, אַ שוואַכעֶר קנאי
אויף פֿרעֶהליכעֶ, יונגעֶ, צעֶלאָזעֶנעֶ קינדעֶר.
אַפֿילו דעֶר יאָהרצייט, וואָס ברעֶנט אויפ'ן עמוד,
האָט עֶרגיץ בעֶהאַלטעֶן זיין שיַין נאָך אַ טויטעֶן,
אַזוי ווי צווישעֶן אַ מחנה צדיקים,
אַ שטילעֶר, פֿעֶרשעֶמטעֶר, פֿעֶרטריבעֶנעֶר זינדעֶר.
ווי גוט עס אִיז איצט אויפ'ן לאָנקע, ווי וואַרים!...

דאָס וואַסער אין טייכעל—ווי קלאָר און ווי זויבער!...
אַרום אויף די פעלדער צעשפּרייט זיך אַ צויבער.
און דאָ אין בית-מדרש איז אַלץ נאָך פאַרטרויערט,
אַנ'אייביגער צער פון די ווינקעלעך לויערט
און קוקט מיט פערדראָס אויף די שטראַהלען די נייַע,
אַי אָמר אַביי! אַי אָמר אַביי!...

נור קומען די נאַכט וועט מיט זילבערנע שטראַהלען,
מיט וואַרימע ווינטלעך, מיט גוטע חלומות.
און איך וועל פערמאַכען די אַלטע גמרא,
פערלאָזען דעם גרויסען, פערקלערטען בית-מדרש
און געהן אויפ'ן לאָנקע, וואו גרעזעלעך וואַקסען...
דאָרט וועלען שוין וואַרטען אויף מיר פיער בעקאַנטע:
מיין טייַערע ליעבע, מיין שענע הדסה,—
אַוועריבע אַ שטילע, אַ טייכעל אַ קלאָרעס,—
און אויבען אַ גוטע לבנה אַ בלאַסע.

דערווייל איז נאָך טאָג, די גמרא איז אָפען...
האָב כח אויף וואַרטען, האָב קרעפטען אויף האָפען,
און לערען, ביז קומען די שעה וועט די פרייע...
אַי אָמר אַביי! אַי אָמר אַביי!...

# פון יודישען נעסיל.

## I.

דאָס ענגע געסעל האָט פערהילט אַ זיידען שאָטען,
אַ האַריב ווינטעל האָט די הייזלעך פערוויגט.
ווי קליינע קינדערלעך, דערשראָקענע, צוזאַמען,
אַ דעכעל ביי אַ דעכעל, ש'טעהען זיי געדריקט.

אַ מילדער געלבער שיין צעגיסט זיך פון די פענסטער
און וועבט זיך היימליך איין אין פאָרהאנג פון דער נאַכט.
פון אַלטען קלויסטער קומען איינזאַם-ווייטע קלאַנגען,
וואָס שוועבען אויף דאָס ענגע געסעלע פערטראַכט.

ווי שטיל עס איז אַרום... עס ציטערען די שטערען.
די שכינה אָטעמט אָב אין טיעפען בלויען רוים.
אַ שמייכעל שוועבט אויף איהר פערטרויערט בלאַסען
פנים...
און אויף דער געסעל רוהט אַ בענקענדיגער טרוים.

## II.

אַ שטילער קלאַפּ אין טיר, אַ צערטליכער געלעכטער.
אַ שעמעוודיגער קוש, אַ לייכטער דריק אין האַנד.
אַ פענסטעריל אַ קליינס. אַ בוימעלע אַ יונגעס.
אַ ווייכע באַנק פון גראָז, וואָס טוליעט זיך צום וואַנד...

אַ דונקעל-בלוי געוועלב מיט גינגאָלדענע שטערען.
אין שטילקייט פון דער נאַכט דער זשומען פון אַ גריל.
אַ ווייטער רויש, וואָס קומט צו שווימען פון דעם טייכעל.
אַ ווינטעלע אַ שטילס, וואָס גליצט זיך אויפ'ן גראָז...

דער ברעג פון האָריזאָנט, וואָס הויבט שוין אָן צו בלייכען.
אַ ווייסער טול, וואָס הילט דאָס ענגע געסעל איין.
אַ לעצטער לאַנגער קוש. אַ שטילער קלאַפּ אין לאָדען.
און נאָכדעם ווייטע טריט, וואָס קלינגען אָפּ געהיים...





מיין פֿאָלק, עס געהערט מיין נשמה דיין טרויער.
אַזוי ווי די שכינה אין שוואַרצען פֿערהילט,
וועט זי אייביג זיצען מיט בענקשאַפֿט ערפֿילט
ביי דיר אויף דיין אַלטען צעוואָרפֿענעם מויער...

און דאָרט אויף די חורבות, פֿון בלאַסליכע שטראהלען
וועט זי איינזאַם שפּינען מיין צערטליכעס ליעד ,
וואָס וועט דיך דערגרייכען פֿערחלומ׳ט און מיעד,
און שטיל אין דיין זעלע, ווי פֿערעל צעפֿאַלען...

מיין ליעד וועט אַנ׳איינזאַמע תפילה דיר ווערען,
אַ בעכער פֿאַר דיינע פֿערלאָזענע טרערען;
מיט איהם וועסטו וועבען דיין טרויריגען ניגון,
מיט איהם וועלען מאַמעס די קינדער פֿערוויגען!...



# אינהאלט

זייט

